וועֶרעֶן, בּין איך מיך אויך אַזוי נוהג. דעֶר חסרון איז וואָס ניט יעֶדעֶר שטויסט זיך וואָס מעֶן מיינט. איך, וועֶהט איהר, האָבּ מיך דוקא יאָ אָנגעֶשטויסעֶן און האָבּ מיר געֶגעֶבּעֶן אַ הויב אויף, געֶבּעֶטעֶן איהם אַז די מעשה זאָל בּלייַ-בּעֶן צווישעֶן אונז, „קאָנספּירייִשעֶן" הייסט עֶס, און בּין אַוועֶק אַהיים. וואָס זאָל איך אייך זאָגעֶן? דאָס וואָרט „פרעֶהליך" איז אַ הונד! „גליקליך"? — נאָך אַלץ נישט דאָס! אויפ'ן זיבּעֶציגסטעֶן הימעֶל!!! וועֶמעֶן איך האָבּ ניט בּעֶגעֶגעֶנט האָט זיך מיר, הערט איהר, געֶגליסט נאָר אַרומחאַפּעֶן קושעֶן. אַלעֶ און אַלעֶס האָבּעֶן בּעֶקומעֶן אין מיינעֶ אויגעֶן גאָר אַ בּעֶזונדעֶר חן. פון יוסף'ן אַליין שמועֶסט מעֶן ניט: איך האָבּ איהם יעֶנעֶם טאָג ליעֶבּ געֶקראָגעֶן ממש ווי איין אייגעֶנעֶם בּרודעֶר. איך זאָל מיך ניט שעֶמעֶן וואָלט איך מיך אומגעֶ-קעֶהרט איהם אַ קוש טהון, און איך זאָל ניט מורא האָבּעֶן, אַז עֶר וועֶט זיך געֶפינעֶן בּעֶליידיגט, וואָלט איך איהם אונטעֶרגעֶטראָגעֶן אַ מתנה: אַ גאָלדעֶנעֶם זייגעֶר מיט אַ שעֶן קייטעֶל מיט אַ היבּשעֶן בּרעֶלאָק.

פאַר גרויס שמחה בּין איך גאָר אַוועֶק אין קלוב. איך, דאַרפט איהר וויסעֶן טהו מיך אַ חאַפּ אַריין אַמאָל אין קלוב אַריין, ווי זאָגט איהר „צווישעֶן טאָג און נאַכט", נישט מחמת איך האָבּ ליעֶבּ דאָס שפּיעֶל, איך אַליין שפּיעֶל ניט; נאָר איך האָבּ ליעֶבּ זעֶהעֶן ווי יעֶנעֶר שפּיעֶלט; און אַ מאָל, זעֶלטעֶן — זעֶלטעֶן, געֶבּעֶן אַ „שמיר" אונטעֶר אויף יעֶנעֶמס קאָרט, איז איינס פון די צוויי: אָדעֶר מעֶן נעֶהמט אויס, אָדעֶר מעֶן ווערט בּעֶגראָבּעֶן. דאָס מאָל איז מיר דוקא געֶראָטעֶן, ס'איז מיר אַוועֶקגעֶגאַנגעֶן דאָס קעֶרטעֶל זאָג איך אייך, ווי קיינמאָל נישט! איך האָבּ אָנגעֶשלאָגעֶן אַ שעֶן קעֶרבּעֶל און האָבּ געֶגעֶבּעֶן אַ רוף צונויף די חברה „בּאָסיאַקעֶס" (אַזוי הייסעֶן בּיי אונז אין קלוב די דאָזיגעֶ, וואָס בּלייבּעֶן אָהן קליין-געֶלד) און האָבּ געֶגעֶבּעֶן אַ שטעֶל אַוועֶק אַ וועֶטשעֶרעֶ און דוקא מיט שאַמפּאַניעֶר ווייַן „רעֶדערעֶר" און אַז איך בּין געֶקומעֶן אַ היים, — געֶוועֶן שוין גרויסעֶר טאָג — האָבּ איך געֶטראָפעֶן בּיי זיך אויפ'ן טיש אַ דעֶפּעֶש, אַז מעֶן רופט מיך אַרויס עֶקסטראַ צוליעֶבּ זעֶהר אַ נויטיגעֶן געֶשעֶפט. און דאָס ווייסט איהר דאָך מסתמא, אַז „נאַש-בּראַט", ווי בּאַלד עֶר בּעֶקומט אַ דעֶפּעֶש מכּוח געֶשעֶפט, איז אַ מ'ף, פאַרפאַלעֶן, ווי זאָגט איהר, די קוה מיט'ן שטריקעֶל, אַ כּפּרה אַלסדינג, מעֶן הויבּט זיך אויף און מעֶן פאָהרט.

אוועֶקגעֶפאָהרעֶן בּין איך אייגעֶנטליך אויף צוויי טאָג און געֶזוימט האָבּ איך מיך געֶוויינטליך דריי וואָכעֶן, און אַז איך בּין געֶקומעֶן צוריק האָבּ איך דאָך בּאַלד געֶגעֶבּעֶן אַ לויף אַוועֶק אין דעֶר רעֶסטאָראַציע עֶסעֶן, און

האָב געטראָפֿען דאָרטען איין איבערקערעניש: פֿון די „יענקעלעך“ איז ניט געבליבען קיין האָר אפילו, און די וואָס זענען געבליבען, זענען אויך געווען נישט דאָס וואָס תמיד: עפּיס זענען זיי מיר געווען ווי צודרעהט, משונה צורידערט און צופּלאָכטען, זיי האָבען אָבגעחאַפּט דאָס עסען, ווי זאָגט איהר, על רגל אַחת, און צוקראָכען זיך מיט אַראָבגעלאָזטע קעפּ, ווי די הינט נאָך אַ רעגען, דער אַהער און דער אַהין...

נאָר מעהר פֿון אַלעם האָט מיך געוואונדערט: וואו איז יוסקע? פאַר וואָס זעהט מען ניט יוסקע'ן? איך קוק מיך צו צו די „יענקעלעך“ — עפּיס איז מען מיר מאָדנע האָפֿערדיג, עפּיס שטיקט מען זיך: שו-שו! שו-שו!... ס'איז בּיי זיי ניט נאָר קאָנספּיריישען, ס'איז שוין, ווי זאָגט איהר, „קאָנספּיריישען-שבקאָנספּיריישען“!... איך טהו מיך אַ קוק אַיין אין איהר — „זי“ איז מיר אויך משונה שווייגענדיג, פֿערטראַכט און שטאַרק „קאָנספּיריישענדיג“... די שענע בּעקלעך פֿלאַמען נישט, די קאַרשען-אויגען שמייכלען ניט, וואו זענען אַהינגעקומען די חן-גריבּלעך וואָס בּעטען זיך: נאַ קוש מיך! עפּיס הערט מען נישט מעהר איהר געלעכטעריל, יענץ געלעכטעריל, וואָס אַז זי הויבּט אָן צו לאַכען לאַכט מיט איהר אַלסדינג, איהר, און דער טיש, און די בּיינקלעך, און די ווענד, און דאָס גאַנצע לעבען!...

דאָס פֿערשטעהט איהר דאָך מסתמא אַליין, אַז שטאַרק בּיינקען האָב איך נאָך דעם יוסקע'ן נישט געבּיינקט... איך האָב מיר נאָר געבּראָכען דעם קאָפּ: וואו האָט ער געקאָנט נעלם ווערען? צי אויף אַ קורצע צייט, צי אויף שטענדיג? צי שחיבּט ער בּריוולעך, צי ניין? פֿרעגען בּיי די „יענקעלעך“ — ענטפֿערן זיי חען? זיי קוקען אַייך אין די אויגען אַריין, קאַלופּען בּשעת-מעשה די צייהן און שווייגען, ווי איינער רעדט: „יונגערמאַן, אַז איהר וועט וועלען אַלסדינג היסען וועט איהר גיך אַלט ווערען“...

ערשט מיט אַמאָל אין אַ שענעם פֿריהמאָרגען איך קום צוגעהן איין מאָל אין דער רעסטאָראַציע עסען, טרעף איך די „יענקעלעך“ זיצען אַלע אַרום טיש, איינער ליינט פֿון אַ בּלאַט און דער גאַנצער איבּעריגער עולם האָרכט. אַ פּנים אַז דאָס מוז זיין פֿון יוסקע'ן. פֿון וואַנען ווייס איך עס? פֿון „איהר“. „זי“ מיט'ן ווייסען פֿאַרטוכעל און מיט די קאַרשען-אויגען שטעהט בּיי דער זייט, צונויפֿגעלייגט די הענד אויפֿ'ן האַרצען, דאָס פּנים לייכט, די בּעקלעך פֿלאַמען, דאָס אויבּערשטע ליפּעל קוקט אַרויף — פּונקט ווי דעמאָלט אין וואַלד... דער חילוק איז נאָר געווען, וואָס דעמאָלט האָבּען די שענע קאַרשען-אויגען געקוקט אויף יוסקע'ן, און איצט האָבען זיי געבּלאָנזעט

ערגיץ אין דער לופטען, געזוכט א פנים אלץ אידם, אלץ יוסף'ן!... וואס טוט איך, איך האב קוים דערלעבט ביז זאלען אוועקלייגען דאס בלאט, האב איך עס גענעבען איין עפען-אויף און א קוק אריין אינווייניג — און עס איז מיר מיט אמאל פערענטפערט געווארען אלע קשיות: מיין יוסף האט געהאלטען אין דער ארבייט!... איך האב אבער געוואוסט, אז ער וועט ניט גוט אבשניידען; אז ניט היינט מארגען, — אריין אין קרויט מוז ער... דעם שפיץ האט מען, געוויינטליך, נאך נישט געקאנט וויסען, נאר פערשטאנען האט מען אז א קניפ אין בעקעלע, ווי זאגט איהר, וועט מען איהם נישט געבען, קיין האניג וועט ער נישט לעקען און קיין בשמים וועט ער נישט שמעקען...

וואס ביי מיר איז געווען דעמאלט אויפ'ן הארצען קאן איך אייך נישט איבערגעבען; זאגען אז ס'זאל מיך שטארק ארען קאן איך נישט, וואָרום ער איז מיר דאך פארט געשטאנען פאפעריק, ווי זאגט איהר, א ביין אין האלז... און ווידער איך זאל זאגען, אז עס האט מיך געפרייט, איז דאס אויך ניט אינגאנצען אמת, ווי זאגט איהר, מיט געפיהל, מע טאר דאך אזעלכס נישט ווינשען דעם ערגסטען שונא אפילו. אדרבה, איך האב איהם געווינשען מיט'ן גאנצען הארצען, מעגט איהר מיר זיכער גלויבען, אז גאט זאל איהם א נס טהון און מע זאל איהם... אינגאנצען הייסט עס אפרייני-גען — דאס קאן דאך ניט זיין; נאר אזוי עפיס א גרינגע שטראף... איהר פערשטעהט?...

ווי איך א טשאד, זאג איך אייך, בין איך ארומגעגאנגען די עטליכע טעג, זיך גאר קיין ארט נישט געקאנט געפינען. און אז איך בין געוואהר געווארען, אז דער עסק האט זיך שוין ברוך השם געענדיגט און אז מארגען ווערט ארויסגעטראגען דער פסק, שווער איך אייך ביי מיין לעבען — ס'איז ביי מיר טייער — אז איך בין יענע נאכט ניט געשלאפען, ניט אנגע-הויבען שלאפען, זיך געקאטשעט פון איין זייט אויף דער אנדערער, און געמוזט סוף כל סוף אויפשטעהן, און האב מיך געפרובט געבען א קוק-אריין אין קלויז אריין, נישט אזוי צוליעב דער שפיעל, ווי איך האב גערע-כענט טאמער וועל איך קאנען פערגעסען האטש אויף א מינוט... דאס הארץ איז מיר עפיס געווען צו שווער, איך האב געפיהלט, כמעט געוואוסט אז ער האלט שמאל.

און כך הוה. איך קום אין דער געוויינטליכער צייט אין דער רעסטא-ראציע, בעגעגען איך פון דארט ארויסשפרינגען צוויי „יענקעלעך“, שטארק

צעפּלאָכטען, פֿאַרטאַרעראַמט — סכנות נפשות! אַרײַנגעקומען אינווייניג האָב איך געטראָפען אַ פּאָר פֿרעמדע מענשען עסען. צום טיש דערלאַנגט שוין ניט „זי“, נאָר די מוטער, און די מוטער אַליין איז עפּיס אויך, ווי זאָגט איהר, לא עליכם'דיג, איך וואָלט געמעגט שווערען אַז פֿערווײנט... בין איך נישט פֿויל אויף דער פּען און נעהם און טהו זי אַרויף אָב אויף אַ זײַט:

— וואו איז ערגיץ אײַער טאָכטער?

— בײַ זיך — מאַכט זי צו מיר און טהוט מיר אַ ווײַז מיט די אויגען אהין אויף אַ קלײַן אַלקירעל, וואָס זעהט אויס ווי אַ שטײַגעל מיט אַ טירעל.

די שפּיעל וואָס איך האָב געשפּיעלט מיט דער מוטער איז געווען, דאַרפט איהר וויסען, אַ מאָדנע שפּיעל. רעדען עפֿענטליך מכּה אַכטצעהן און דרײַצעהן האָב איך מיט איהר קיינמאָל ניט גערעדט; נאָר פֿאַרשטאַנען האָבּ איך, אַז זי וויל דעם שדוך: אַ יונגערמאַן אַ הײַנטיגער, מיט אַ שטיקעל נאָמען, און אַ שענער פֿערדיענער, און אַ קערבעל איז בלאָטע, אי טאָמאָו פּאַדאָבנע — פֿאַר וואָס זאָל זי ניט וועלען? אדרבה, איך האָב איהר אַ פּאָר מאָל געגעבען אָנצוהערעניש, אַז איך אינטערעסיר מיך מיט איהר טאָכטער זעהר געשמאַק! אַ סימן — איך קאָן ניט לײַדען, וואָס זי דערלאַנגט אַליין צום טיש... טרעפט זשע, וואָס ענטפֿערט זי מיר דערויף?

— איהר קאָנט ניט לײַדען וואָס זי דערלאַנגט? דערלאַנגט מען אַליין!...

אַזוי טהוט זי צו מיר אַ זאָג, די מוטער הײסט עס, און דערלאַנגט זיך אַ שמיר אַרויף מיט'ן נאַקעטען עלענבויגען איבער'ן פּנים, און געה טהו איהר עפּיס!

וואו זשע האַלט איך? — בײַ'ם קלײנעם אַלקעריל. ווי אַזוי און מיט וואָס פֿאַר איין אופן איך האָב געטהון אַ געה אַרײַן אין דעם קלײנעם אַלקעריל אַרײַן? וואָס זענען געווען די ערשטע ווערטער, וואָס איך האָב איהר נעגעבען אַ זאָג? -- פֿרעגט מיך בחרם אויב איך הויב אָן געדענקען אפילו! איך געדענק נאָר, אַז איך האָב זי געטראָפען אינ'ם זילבּיגען ווײַסען פֿאַרטוכעל וואָס תמיד, זיצען בײַ'ם פֿענסטער צוגעפֿעלייגט די הענד אויפ'ן האַרצען, דאָס פּנים בלאַס, די בעקלעך ווײַס, קיין טראָפּען בלוט ניטאָ, דאָס אויבערשטע ליפּעל קוקט אַרויף, און די שענע קאַרשען-אויגען איבערגעצויגען ווי מיט אַ רויכעל, קוקען ערגיץ ווײַט — ווײַט, פֿערטראַכט, און נישט קיין אײנציגע טרעהר, נישט קיין סימן פֿון קיין טרעהר, נאָר אַ שטילער, שטומער טרויער, זעהט מען, ליעגט אויסגעגאָסען אויפ'ן קוים-קוים אָנגעקנײטשטען ווײַסען שטערען. איך שווער איך בײַ מײַן לעבען, הערט איהר—

ס'איז בײַ מיר טײַער — זי איז אין דער דאָזיגער מינוט געווען אַזוי שײן, אַזוי געטליך, אַז איך בין גרייט געווען זיך געבען אַ טהו אַ וואַלגער פֿאַר אירע פֿיס און אויסקושען איהר די טריט!... דערזעהען מיך, האָט זי זיך דוקא ניט איבערגעשראָקען, דוקא נישט געגעבען זיך קיין חאַפּ-אויף און דוקא נישט געפֿרעגט מיך וואָס איך דאַרף. איך האָב אַליין גענומען און געשטעלט אַוועק אַ בײַנקעל און אַוועקגעזעצט זיך אַקעגען איהר און גענומען רעדען, רעדען, אָהן אַיין אויפֿהער, אָהן אַ בריען. אַ קוואַל פֿון ווערטער האָט זיך בײַ מיר געגעבען אַיין עפֿען אויף און איך האָב גערעדט און גערעדט און גערעדט. וואָס איך האָב גערעדט — זאָג איך דאָך אַייך אַז איך ווייס ניט. דער פּשט אַ פּנים איז געווען אַזוי: איך האָב איהר געוואָלט אויסרעדען דאָס האַרץ, טרייסטען זי, איהר געבען צו פֿערשטעהן, אַז זי טאָר ניט „רעאַגירען" אַזוי שטאַרק... אויף אונזער לשון הייסט עס: זי זאָל זיך נישט נעהמען אַזוי צום האַרצען, וואָרום זי איז נאָך צו יונג, און צו פֿריש, און צו שײן... איך האָב איהר געדהוּנגען, אַז איהר גליק קאָן מען נאָך גאָר ניט וויסען... אָט למשל בין איך אַ יונגערמאַן אַ סוחר, אַ הײַנטיגער, מיט אַ שטיקעל נאָמען, און אַ שײנער פֿערדיענער, און אַ קערבעל אין בלאָטע, אי טאָמאו פּאַראָבנע... אַ סימן: לאָז זי מיר נאָר זאָגען אַיין וואָרט, אַז זי איז גרייט צו פֿערגעסען אַלסדינג וואָס ס'איז געווען ביז אַהער, גלײַך ווי עס וואָלט גאָרניט געזען, גאָר ניט, קיין שום יוסף, מיט קיין שום „יענקעלעך" מיט קיין שום „קאָנספּירײַשען" אויף דער וועלט!...

הערט איהר? איך ווייס אַליין ניט פֿון וואַנען עס האָט זיך צו מיר גענומען אַזאַ כח הדבור! און טאָמער מיינט איהר אַז זי האָט מיר עפּיס געענטפֿערט דערויף? אָסור! געזעסען און געקוקט און געקוקט און געקוקט... וואָס האָט געקאָנט בעדײַטען דער דאָזיגער קוק? דער דאָזיגער קוק האָט געקאָנט בעדײַטען: „איהר מיינט עס מיט אַיין אמת? עס גלויבט זיך מיר עפּיס ניט!..." אָדער: „איך וועל מיר איבערלייגען"... אָדער: „לאָזט מיך צורוה"... אָהער נאָר: „יוסף"... איהר פֿערשטעהט? — ניט „יוסף", נאָר: „יו—סף"! . . . . . . . . . . . . . :

וואָס פֿאַר אַ פּנים איך האָב נאָכדעם געהאַט בײַ זיך אַליין אין די אויגען — מעגען שוין מײַנע שונאים האָבען אַזאַ יאָהר!... איך האָב עטליכע טעג דורכאַנאַנד מיך געשעמט ווײַזען זיך פֿאַר די אויגען... און אַגב איז מיר אויפֿ'ן האַרצען געווען אַזוי ווּיסט, גלײַך ווי איך אַליין וואָלט מיך פֿיהלען

דאָ פֿאַר אַ „שטיקעל חיב אינים אומגליק וואָס זיי איז געשעהן... וויפיל איך האָב מיך ניט געמוטשעט איך זאָל איהם אַרויסשלאָגען פֿון די געדאַנקען, פֿאַרגעסען איהם, אָט דעם יוסקין — אוממעגליך!... איהר דאַרפֿט וויסען, אַז איך פֿון חלומות האַלט ניט, פֿאַר מתים האָב איך קיין מורא ניט, און אין כישוף גלויב איך ניט, נאָר איך שווער אייך בנאמנות, ס'איז נישטאָ אַהן־קענאַכט די נאַכט ער זאָל ניט קומען מיר צו חלום, יוסף הייסט עס, מיך ניט אויפֿוועקען און בעהייזען מיט דער האַנד אויפֿ'ן האַלז, אַז ס'איז ביי איהם, ניט אין מיין מאָס, אַרום און אַרום האַלז אַ בלויען צייכען... ווי מיינט איהר, אַ חלום האָט עפּיס אַ ממשות? איך ווייס אַ פֿאַקט, וואָס האָט זיך געטראָפֿען אַמאָל מיט מיינעם אַ פֿעטער... נאָר נאַרישקייטען! איך האַלט נישט פֿון חלומות!... איך בין גלאַט אַזוי געווען צודרעהט, פֿערלאָרען דעם אַפּעטיט צום עסען, אויפֿגעהערט שלאָפֿען... פֿאַר פּחד מיינט איהר? ניין! נאָר אַ בעקאַנטער מענש, געזעסען מיט איהם וויפיל מאָל ביי איין טיש — איהר פֿערשטעהט? האָב איך מיך מיישב געווען, ווי זאָגט איהר, וואָס סהעט זיין וועט זיין, — כ'האָב מיך אָנגענומען מיט האַרץ און האָב געטהון אַ גוטע אַוועק אַהין, גלייך צו זיי אין דער רעסטאָראַציע אַריין.

איך קום צוגעהן אין דער רעסטאָראַציע — ווער מיר רעסטאָראַציע? וואָס מיר רעסטאָראַציע? עס הויבט זיך גאָר ניט אָן — אויסגעטריקענט דאָס אָרט אפילו! וואו' איז אַהינגעקומען די רעסטאָראַציע? — אַרויסגעפֿאָהרען שוין פֿון עטליכע טאָג! „וואָס הייסט אַרויסגעפֿאָהרען"? „אַרויסגעפֿאָהרען הייסט אַרויסגעפֿאָהרען"... איך טהו אַ קלונג אָן אין הויף אַריין, אַ לויף אַריין צום בעל הבית: „וואו איז אַהינגעקומען די רעסטאָראַציע? וואוהין איז זי אַריבערגעפֿאָהרען?" אַ נעכטיגער טאָג — קיינער ווייסט ניט, קיינער קען מיר ניט זאָגען וואוהין! הויב איך דאָך אָן מסתמא צו פֿרעגען, ווי זאָגט איהר, אַריין אין דער אַמביציע. און איך, אַז איך טהו אַ קום אַריין אין דער אַמביציע, איז סכנות נפשות! איך בין אַרומגעלאָפֿען, שוועה איך אייך, ווי אַ משוגענער, אויסגעזוכט וואו די וועלט האָט אַן עק!... און די „יענקעלעך"? ווי אויף צו להכעיס איהר זאָלט זאָגען חאָטש איין „יענקעלע" אויף אַ רפואה!... בין איך אַוועק אין פּאָליציי חוקר ודורש זיין, מאַכען אַ „ספּראַווקע" הייסט עס... געקומען אין פּאָליציע, טרוגט מען מיך אַ נעהם אויף: „טשטאָ נאַדאַ?" זאָג איך: „דאָס און דאָס, אַזוי און אַזוי, וואו איז אַהינגעקומען די רעסטאָראַציע?..." פֿרעגט מען מיך: „וואָסער רעס-

טאָראַציִע?" זאָג איך: „דו אָהן דיר". פֿרעגט מען מיך: „אויף וואָס דאַרף איך זי?..." אידר פֿערשטעהט — זאָל איך זיי נעהן דערצעהלען אויף וואָס איך דאַרף זי?!... שווייג איך דאָך, פֿרעגען זיי מיך נאָך אַמאָל און נאָך אַמאָל, איך זאָל זיי זאָגען, „אויף וואָס איך דאַרף זי?..." וואָס טויג אייך, איך האָב מיר געקויפֿט, ווי זאָגט איהר, מפֿטיר... נו-נו, איך האָב עס געהאַט אַ לויפֿעניש! דער רוח האָט מיך געטראָגען!... חאָטש, אַז מען וויל צוריק, וואָס איינענטליך האָב איך געהאַט מורא צו האָבען, אַז סך הכל בין איך דאָך נאָר אַ יונגערמאַן אַ סוחר, מיט אַ שטיקעל נאָמען, און אַ שענער פֿערדינער, און אַ קערבעל איז בלאָטע, אי טאָמאָו פֿאַדאָבנע. איך אין אַזעלכע עסקים מיש מיך נישט! ווי זאָגט איהר: „ניע יעוושי טשעסנאָקו— אַז מען עסט ניט קיין קנאָבעל הויסט עס..." נאָר וואָס רעדען? איך האָב עס פֿיינט! איהר פֿערשטעהט? — איך האָב עס פֿיינט און שוין!... איך האָב מיך פֿערשאָלטען, זאָג איך אייך, דאָס געבויין. נאַ דיר אַ רעסטאָראַציע! נאַ דיר אַ מייהעל! נאַ דיר אַ יוסף!.. איך וואָלט שוין אַליין געוואָלט זי פֿער-געסען און אַ סוף. איז אָבער ווי אויף צו להכעיס קריכט זי מיר ניט אַרויס פֿון קאָפּ! נאָך עד היום שטעהט זי מיר פֿאַר די אויגען מיט'ן ווייסען פֿאַר-טוכעל וואָס שעמערירט, מיט די שענע קאַרשען-אויגען, וואָס קוויקען, מיט'ן קליינעם ליפּעל וואָס קוקט אַרויף, מיט די חנגריבעלעך וואָס בעטען זיך: נאַ קוש מיך, און מיט'ן געלעכטעל וואָס צעגעהט זיך אין איטליכם אבר... און אָפּט מאָל מאַכט זיך ביי נאַכט, אַז איך האַלט אין רעכטען שלאָף, הער איך איהר קול: „יו—סף!.." „יו—סף!" חאַפּ איך מיר אויף אין אַ קאַל-טען שווייס, וואָרום קוים דערמאָן איך מיך אָן „איהר", אַזוי קומט מיר באַלה אויף די געדאַנקען „ער"...

ווערט איהר? איך וואַרט ניט ביז איהר וועט זיך געבען אַ טרוג אַ נעהם צום זייגער; איך ווייס אַליין, אַז אַלסדינג אויף דער וועלט מוז האָבען אַ סוף... האָט נאָר קיין פֿאַראיבעל ניט, וואָס איך האָב ביי אייך צוגענומען אַביסעל צופֿיעל צייט, און ניט מיר אייער האַנד, אַז אַלסדינג וואָס כ'האָב איך דאָ דערצעהלט וועט דאָס בלייבען צווישען אונז ביידען, ווי זאָגט איהר: קאָנספּירייישען...

אַדיע!





# נישטא קיין נייעס

## (צחיי לשנה טובה בריוולעך).

**א) וואָס אַ שניידער פֿון אמעריקאַ שרייבט צו זיינעם א פֿריינד פֿון דערהיים.**

**ב) וואָס אַ שניידער פֿון דערהיים שרייבט צו זיינעם א פֿריינד אין אַמעריקא.**

---

### א.



ײַ דיר פֿרענד 1) ישׂראליק!
לשנה טובה תכתבו ותחתמו דו מיט דײַן ווײַף2) מיט דײַנע טשילדרען3) איהר זאָלט זײַן אָללרײַט4) מיט כל ישׂראל אמן.
מיר האָבען גרויס טראָבעל 5) פֿון דעם וואָס דו שרײַבסט אונז ניט קײַן לעטטער6), ווארום זינט עס האָבען זיך אָנגעהויבען בײַ אײַך די רעוואָלושאָן מיט דער קאָנסטיטושאָן 7) די מעססעקרעס 8) געהערען מיר אַרום דיסאַפּוינטעט 9) ממש אָהן קעפּ. אויב דאָס, וואָס אונזערע פּײפּערס 10) שרײַבען, איז ניט קײַן בלאָף 11), האָט מען שוין בעדאַרפֿט אַוועקלעגען בײַ אײַך אַ האַלבע וועלט, אַלע טאָג הערען מיר פֿון אײַך אַיין אַנדער סענסײַשאָן 12). נעכטען האָב איך געלײַענט אַ קײַבל 13), אַז מיסטער קרושעוואַן, דעם פּרעזידענט פֿון דער פֿערטער דומע, האָט מען געהאַנגען,— שרײַב מיר צי ס'איז אמת. און פֿון דײַנע ביזנעס 14) זאָלסט דו מיר שרײַבען, און צי דו אַרבײַטסט אין אַ שאָפּ 15) אָדער דו ביזט אַ באָס 16) פֿאַר זיך? און וואָס מאַכט דײַן חנה־ריקעל? און וואָס טהוט הערשעל? און מײַן קאָזען 17) ליפּאָ וואָס מאַכט? און יאָסעל הענקי'ס? און בענצי מיט רחלען?

---

[1]) מיין טייערער פֿריינד. [2]) ווייב. [3]) קינדער. [4]) אין בעסטען שטאַנד. [5]) יסורים.
[6]) בריעף. [7]) רעוואָלוציע, קאנסטיטוציע. [8]) פּאָגראָמען. [9]) צעטראָגען. [10]) גאַזעטען.
[11]) גוזמא. [12]) איבערראשונג. [13]) דעפּעש. [14]) געשעפֿטען. [15]) קראָם. [16]) בעל־הבית.
[17]) געשוויסטערקינד.

און זלאַטקע? און מאָטעל? און די איבעריגע אַפּריִיטערס 18) וואָס מאַכען? און צי טראַכסט דו וועגען אַריבערמופּען 19) קיין אַמעריקאַ? אַלצדינג זאָלסט דו מיר אַרויסשרייבען אין דיין לעטטער. און וועגען מיר וואָס זאָל איך דיר שרייבען, מיי דער פרענד? איך בין אָללרייט און מיין ווייף איז אָללרייט און מיינע טשילדרען זענען אָללרייט. דאַנקען גאָט מיר מאַכען דאָ אַלע אַ לעבען. מיר אַרבייטען שווער און ביטער, אָבער מיר מאַכען אַ לעבען. קיין געלד סייוועו 20) מיר ניט, נאָר מיר פערנעהמען צוויי ראומס 21) מיט אַ קיטשען 22). אַ גאַנצען טאָג אַרבייטען מיר און ביינאַכט געהען מיר אַרויס אויף פּלעזשור 23), אָדער אויף אַ מיטינג פון סאָשעליסטען 24), אָדער פון זאַיאָניסטען 25) אָדער גאָר אין אַ יודישען טעאַטער. דאָס גאַנצע לעבען ווערט מען טאַקע פערשוואַרצט, דערפאַר זענען מיר אָבער פריי, און איך קאָן מיר זיין אַ מעמבער 26) אין וואָס פאַר אַ סאָסייעטי 27) איך וויל, און אַז איך וויל ווער איך אַ סיטיזען 28) און ווער צוגעלאָזען צו עלעקשאָן 29). אַיין זאַך געהט אונז דאָ ניט אַיין — די היים. אָ, בענקט זיך אַהיים! מיין דזשענע (זי הייסט שוין מעהר ניט בלומע, נאָר דזשענע) לאָזט מיך ניט עטעמען. זי טרייבט מיך, מיר זאָלען פאָהרען קיין ראָשען 30) אויף קבר אָבות. זאָלסט אָנקוקען איצט מיין דזשענע, וואָלסט דו זי ניט דערקענט. אַ ליידי 31) מיט אַ העט 32) און מיט גלאָווס 33), איך שיק דיר דאָ די פּיקטשור 34) פון מיין דזשענע מיט מיין פעמעלי 35). וואָס זאָגסט דו אויף מיין עלטערן באָי 36)? דאָס איז מאָטעל. מייק הייסט ער שוין אַצונד. ער אַרבייט אין אַ פעקטאָרי 37) און פערדיענט פון 10 ביז 12 דאָלאַר אַ וואָך. ער זאָל ניט געמבלען 38), וואָלט ער גאָר געווען אָללרייט! דער אַנדערער, דזשעק, איז געוועזען פריהער ביי דער אַרבייט, היינט האָט ער זיך צוגעלערנט אַ ביסעל ענגליש און איז אַ בוקקיפּער 39) אין אַ באַרבערשאָפּ 40). דער דריטער ממזר, בענדזשעמען, דיענט אין אַ סאַלון 41). קיין ווייזשעס 42) נעהמט ער ניט, נאָר ער ברענגט אַהיים אַמאָל 6 דאָלאַר און אַמאָל — 8. דער 4־טער דער באָטשיק וואָס מיט'ן היטעלע איז אַ גוטער לאָפער 43), וויל ניט געהן אין סקוהל (שול), ליגעט טאָג ווי נאַכט אין סטריט 44) און שפּיעלט אין באָל 45). די מיידלעך

18) שניידערם. 19) איבערקלויבען זיך. 20) קלויבען. 21) חדרים. 22) קיך. 23) פּער־גניגען. 24) סאָציאַליסטען. 25) ציוניסטען. 26) מיטגליעד. 27) געזעלשאַפט. 28) בירגער. 29) וואַהלען. 30) רוסלאַנד. 31) מאַדאם. 32) הוט. 33) הענטשקעס. 34) בילד. 35) פאמיליע. 36) יונג. 37) פאבריק. 38) שפּיעלען אין קאָרטען. 39) בוכהאלטער. 40) פאַריקמאַכער. 41) שיינק. 42) געצאהלטס. 43) א דער רוח ווייסט וואָס. 44) גאַס. 45) מיאַטש.

אַלע בײַ מיר זענען אויך אַללרײַט. זיי אַרבײַטען אין די שעפּער 46) און האָבען שוין געלד אין די בײַנק. דער חסרון, וואָס מען קוקט זיי ניט אָן אין די אויגען. זיי געדענקען ווען זיי ווילען און וואו זיי ווילען און מיט וועמען זיי ווילען. אַמעריקאַ איז אַ פֿרײַ לאַנד. מען טאָר ניט זאָגען יענעם קיין דעה, אַפֿילו איין אייגענער טאָכטער. אָט צום בײַשפּיעל מײַן עלטערע טאָכטער, חיה, האָט זי געהייסען, אַצינד הייסט זי שוין פֿרענסיס, האָב איך מיט איהר געהאַט אַ דזשאַב 47)! זי האָט זיך פֿערליעבט און חתונה געהאַט אָהן מײַן וויסען פֿאַר אַ פּוסטען באָי, פֿון די וואָס בעלאַנגען צו די פּיקפּאַקעטס 48). ער איז אַנטלאָפֿען פֿון די האַוז 49) אָף רעפֿיודזש 50) און איהר האָט ער דערצעהלט, אַז ער איז אַ בעוואוסטער קלאָדינגמאַנופֿעקט־שורער 51) און אַ רעלעסטייטניק 52), לסוף האָט זיך אויסגעלאָזט, אַז ער איז אַ ביגאַמיסט 53). ער האָט זײַן אייגענם סך־הכל דרײַ ניט קיין געגט'ע ווײַבער! איך האָב געהאַט גענוג טראָבעל ביז איך בין זײַנער פּטור געוואָרען. איצט האָט זי געהייראַטעט אַ פּושקאַרט־פּעדלער 54) און איז אָללרײַט! די איבעריגע טעכטער מײַנע זענען נאָך ניט אויסגעגאַנגען 55) און אַז זיי וועלען אויסגעהן, וועלען זיי אויך בײַ מיר ניט פֿרעגען. אַמעריקאַ איז אַ פֿרײַ לאַנד, יעדער אַטענדעט 56) זײַנע ביזנעס 57) ווי ער פֿערשטעהט, און דאַטסאָל 58)! האָב איך דיר אַרויסגעשריבען, מײַ דיר פֿרענד, אַלצדינג וואָס בײַ מיר טהוט זיך, און איך בעט דיך דו זאָלסט מיר למען השם באַלד אָבענטפֿערן מיט אַ לעטטער אויך פֿון אַלצדינג וואָס בײַ דיר טהוט זיך, און לאָז געריסען איטליכען בעזונדער גאָר פֿרײַנדליך, און ווינש אײַך נאָכאַמאָל אַ כתיבה וחתימה טובה — גוד באַיי 59)! פֿון מיר דײַן ביסט פֿרענד 60).

דזשייקאָבס (אַמאָל געווען יענקעל).

---

ב.

טײַערער פֿרײַנד יענקעל!

דײַן לשנה טובה־בריעף האָב איך פּאָלוטשעט פּונקט ערב ראש השנה, און דאַנק דיר זעהר פֿאַר דײַן ליעבען בריעף און איך ווינש דיר דעם זעלבען לשנה טובה תכתבו ותחתמו. גיב גאָט צו זעהען זיך

46) געוועלבען. 47) אַנ'עסק. 48) גנבים. 49–50) איין אויסבעסערונגסאַנשטאַלט. 51) אַ פֿאַבריקאַנט פֿון קליידער. 52) האַנדעלט מיט הייזער. 53) האָט עטליכע ווייבער. 54) אַ פּעדלער מיט אַ וועגעלע. 55) חתונה געהאַט. 56) בעאַרבייטעט. 57) עסקים. 58) אַנ'עק. 59) זייַ געזונד; 60) בעסטער פֿריינד.

מיט פרעהליכע הערצער, אמן. אצונד קום איך דיר ענטפערן אויף דיין
בריעף. ממה נפשך, שרייבסט דו שוין יא איין מאל אין צוויי יאהר א לשנה
טובה-בריוועל, טא שרייב שוין ווי א מענש: ווער איז דאס אביאזאן צו
פערשטעהן, וואס הייסט דאס: לעטטער, פייפער, פיקטשור, בלאק, וכדומה
אזעלכע ווערטער? היינט שרייבסט דו, מען זאל דיר שרייבען אין שרייבען.
וואס זאל איך דיר שרייבען? נישטא קיין שום ניים. ס'איז איצטער דאנקען
גאט שוין בלאהאפאלוטשנע ביי אונז. די נגידים מאכען גוט ווי אלע מאל,
און ארימע לייט שטארבען פון הונגער ווי אומעטום. מיר, בעלי-מלאכות,
זיצען אהן א שטאך ארבייט. פאר איין זאך זענען מיר ברוך השם אבגעזי-
כערט — פאר א פאגראם. מיר האבען שוין פאר א פאגראם כלל קיין
מורא ניט. מחמת ס'איז שוין געווען, און צוויי מאל אודך — דאס איז א זאך,
וואס קאן זיך טרעפען נאר אין קישענעוו. דער פאגראם איז געווען ביי אונז
אפילו שפעטליך, נאר דערפאר האבען מיר געהאט א פאגראם מיט אלע
פלעטערלעך. בקצור, קיין סך שרייבען וויל איך דיר ניט און קאן ניט און
האב ניט וואס צו שרייבען, איך קאן דיר נאר מעלדען, ליעבער יענקעל,
איין זאך: איך לעב! איך האב זיך געזעהען מיט'ן מלאך-המות דריי
מאל — נאר בלאטע! ווי זאגט געצי דער דאמסקער שניידער — געדענקסט
איהם? מי ברעש ומי במגפה — אז ס'איז באשערט מוטשען זיך, שענקט
נאט דאס לעבען... מיר האט נאר ווער געטהון דאס הארץ פאר מיין ווייב
און פאר מיינע קינדער, האב איך זיי אוועקגעשיקט לעזאל, זיי האבען זיך
גאנץ פיין פערקליבען צו א גוטען גוי אויפ'ן בוידעם און זענען דארט אבגע-
געלעגען בכבוד צוויי טעג מיט צוויי נעכט, חלילה נישט געגעסען, נישט
געטרונקען, נישט געשלאפען, און ערשט העט אויפ'ן דריטען טאג, אז
ס'איז שוין ניט געווען וואס צו ראבעווען און וועמען צו שלאגען, איז גע-
וואָרען ביי אונז דאנקען גאט בלאהאפאלוטשנע, איז מען פאוואליגקע אראב
פון די בוידעמער אלע בשלום, און עס האט ברוך השם פון אונזער סע-
מעיסטווע קיינעם ניט געשאדט, אחוץ ליפא, וואס איז געהרג'עט געוואָרען
מיט ביידע זיהן, נח און מלך — גילדענע צוויי ארבייטער! און אחוץ משה
הערשען, וואס מען האט איהם מחילה אראבגעלאזט פונ'ם בוידעם, און
פעריל דבורה'ס האט מען שוין שפעטער געפונען א טויטע, טאקע ביי
זיי אין קעלער, און א ברעקיל קינד איהרעס (רייזעלע) האט מען געפונען
ביי דער ברוסט... קרוגאם, שוין מיט קליינע קינדער, זענען פון אונזער
סעמייסטווע, הייסט עס, געה'רג'עט געוואָרען סך-הכל זיעבען... נאר ווי
זאגט געצי: „גם זו לטובה“ — עס קאן נאך זיין ערגער; בעסער האט קיין

שיעור ניט... אויף הערשלען פרעגסטו דו? זיי רוהיג. ער זיצט שוין העכער אַ האַלב יאָהר איינער אַליין אָהן אַ קנעלונג אין טורמע. פאַרוואָס? מסתמא הערפאַר, וואָס ער האָט געקוקט ווי כהנים דוכענען...

ס'איז אַ סברא, אַז מען וועט איהם געבען אַ פיינעם כבוד: אָדער מען וועט איהם הענגען, אָדער מען וועט איהם שיסען; דאָס וועט שוין זיין ווי זיין גליק וועט שפיעלען, מחמת צו אַלסדינג, זאָגט געצי, בעדאַרף מען האָבען מזל. למשל, אָט איז יוסיל הענוק'ס געשטאָרבען נאָך איידער מען האָט איהם געבראַכט אין טורמע אַריין... ווייטער איז ניטאָ קיין שום נייס דיר צו שרייבען; נו, און אויף נחמיה דעם סטאָלער'ס זוהן, לייב, פרעגסטו דו גאָרניט? געדענקסט איהם? געווען אַ גאָרנישט מיט אַ גאָרנישט, אַ יאָ? „לייב-דרייב-אַבדעריק" — האָט מען איהם גערופען. היינט ליגט ער ווי אַ גראַף אין פעטראָפּאַוולאָווסקע קרעפּאָסט. זעהסטו דו, אויף וועמען ס'איז יאָ אַ רחמנות געבליבען? אויף זלאַטקען. זי, זאָגט מען, איז נעריהרט פאַר צרות... אַ קליינינקייט — פערליערען אין איין וואָך צוויי קינדער! און אברהם משה'ס זוהן איז שוין איצט אַודאי אין אַמעריקאַ. אַז דו וועסט איהם זעהען, זאָלסטו איהם לאָזען געריסען און זאָגען, אַז זיין טאַטע איז אַ מאָלאָדיעץ: ער איז געשטאָרבען נאָך פאַר דער קאָנסטיטוציע! און מאָטעל, אונזערער איז גלאַט פערפאַלען געוואָרען, מען ווייסט ניט וואו ער איז... עס זענען אָט אַזוי אַ סך איזטשעזנעט געוואָרען, מען ווייס ניט וואו זייער געביין איז אַהינגעקומען... אַ סך זענען זיך צולאָפען, אַ סך זענען גע'הרג'עט געוואָרען און אַ סך רוהען זיך אויס אין די טורמעס, שפּאַצירען אַרום אין סיבירער שנייען, אַרבייטען מיט דער טאַטשקע — נאָר וועמען הערען זיי? חברה האָבען זיך איינגעשפּאַרט איין מאָל פאַר אַלע מאָל: אָדער קאָנסטיטוציע, אָדער אַ קרענק! קיין חכמות גערעט ניט אָן ביי אונז, בעל-מלאכות, ווי זאָגט געצי: „לא מעוקצך ולא מדובשך" — זאַל מיר ניט קיין פעטער און נייה מיר ניט קיין שטיוועל. אַ מאָדנער מענש אָט דער געצי: איין זוהן האָט מען איהם אַוועקגעלעגט אין דער מלחמה, דער אַנדערער — זיצט, און אַליין איז ער אויך אויף צרות, נאָר קומט צו אַ גלייכווערטיל אָדער אַ פסוק, חאַפּט איהם אַוועק דער רוח!.. און ווייטער איז ניטאָ מעהר קיין נייס צו שרייבען, ס'איז דאַנקען גאָט בלאַהאָפּאָלוטשנע און מיר זענען אַלע ברוך השם אין בעסטען געזונד, אַחוץ וואָס חנה-ריקעל מיינע קלאָגט זיך געביך אויפ'ן האַרצען... אַ ווערטיל אויסצורירען — די פחדים, וואָס מען שטעהט דאָ אויס פון די עקספּראָפּריאַציעס. דו ווייסט אודאי ניט, מיט וואָס מען עסט דאָס? וועל איך דיר בעשרייבען. מען קומט אַריין צו דיר אין שטוב אַריין מיט אַ פּאַר-

טיגער באָמבע, אָנגעפֿילט דוקא ניט מיט מצה=מעל, נאָר מיט פּולווער און מיט צוועקעס, און מען זאָגט צו דיר: רוק! ווערך! (געציי רופֿט דאָס אָן: „שאו ידיכם!") און מען צושפּילעט דיר די קאַפּאָטע און מען נעהמט צו ביי דיר וואָס דו האָסט — און רופֿט מיך קנאַקניסעל! אַנימעלטען וועגען אַריין צו מיר צוויי חברה=לייט, געזאָגט מיט מיר דעם פּסוק און צוגענומען ביי מיר די מאַשינע, און אַ בהמה האָב איך געהאַט, איז זי אַליין געפּגר׳ט, און מיין ברכה איז נאָך אַ גרעסערע אביונטע ווי זי איז געווען,, און אַלטער'ן געהט אויך אָב געגנג צו אַ נגיד, און לייזערן האָט מען אַרויסגעשיקט ניט לאַנג פֿאַר אַ פּאַס. אַ מצוה — ווער איז איהם שולדיג? לאָז ער ניט זיין קיין מלמד! און מענדיל האָט זיך אויך שען אויסגעפּיינט, גענומען און געשטאָרבען, אַ טייל זאָגען — פֿון דער טשאַכאָטקע, אַ טייל זאָגען — פֿון הונגער, און איך מיין, אַז פֿון ביידע זאַכען... און בנימינ׳ס קדיש דיענט, און פֿון דער חאָלערא שמועסט מען ביי אונז גאַנץ געשמאַק. נאָך דאָס פֿעהלט אונז! — און ווייטער איז ניטאָ מעהר קיין שום נייס דיר צו שרייבען. און דאָס, וואָס דיין בלומע, אָדער ווי אַזוי היינט זי היינט, דושענע, וויל קומען צופֿאָהרען אויף קבר אָבות, איז ניט איצטער די צייט, יענקעל! לאָז איבער אויף איבער=אַ=יאָהר אם ירצה השם, ס׳וועט ווערען ביי אונז אַביסעל שטילער, דער עולם וועט אויפֿהערען זיך קוילען איינס דאָס אַנדערע, וועט איהר דעמאָלט קומען צופֿאָהרען, וועלען מיר געהן אם ירצה שם אינאיינעם אויפֿ׳ן פֿעלד, ס׳איז אונז דאָרט צוגעקומען ברוך השם אַ שען ביסעל פֿריינד, פֿון בעקאַנטע שמועסט מען ניט; עס קומט נאָך צו היינט אויך אַלע טאָג! מעהר קיין נייס איז ניטאָ צו שרייבען, זייט געזונד און לאָז געריסען איטליכען בעזונדער גאָר פֿריינדליך. קיין אַמעריקאַ פֿאָהר איך ניט. דיין אַמעריקאַ הויבט מיר גיט אָן צו געפֿעלען. אַ לאַנד, וואָס אַ גאַזעט הייסט פּייפּער, וואָס פֿון בלומע ווערט דושענע, און אַ חתן, האָט דריי ווייבער — פֿון אַזאַ לאַנד, האָב קיין פֿאַריבעל ניט, דאַרף מען לויפֿען! פֿון דיין בריעף זעה איך אַרויס, אַז ווען מיר האָבען דאָ די קאָנסטיטוציע, וואָס מיר מיינען, בעדאַרפֿען מיר שוין קיין שום אַמעריקאַ נישט. דעמאָלט האָבען מיר דאָ אַ בעסער אַמעריקאַ ווי איהר דאָרט... יענקעל! זאָלסט גאָר קיין יסורים ניט האָבען; אַזאַ שטיק גאָלד מיר, און אַזאַ מכה קרושעוואַנען, וואָס פֿאַר אַ קאָניסטיטוציע מיר וועלען אם ירצה השם האָבען!.. הלואי זאָל אונז גאָט אָניחתמענען אַ גוט יאָהר, אונז דאָ און אייך דאָרטען!

פֿון מיר דיין פֿריינד ישראל.